ווערן צעשניטן אויף מילי־מיליאָנען פאַרבאָרגענע דינקייטן
אויף אונזער פאַרחלומטן שאַרף. —

ביז מיר אַנטפּלעקן:
די צייט איז געקומען
פאַר אונזער געגאַרטן, גע־וואַרטן נצחון־געזאַנג,
געזאַנג פון חלפים,
לויב און געזאַנג פון הלפים,
לויב און געזאַנג פון פאַרכּישופטע בלויע חלפים. . .

הייזער פאַרביי,
שטאַלן און שענקען פאַרביי,
קאַזאַרמעס, טראַנשייען פאַרביי,
לענדער און ימען פאַרביי —
וועלטן פאַרביי —
אַלע, אַלע, אַלע וועלטן פאַרביי. . .

דאָס וואָס מיר וויינען איז אונזער געוויין,
אונזער געוויין — קיינעמס געוויין;
דאָס וואָס מיר זינגען איז קיינעמס געזאַנג,
קיינעמס געזאַנג — אונזער געזאַנג. . .
גייען אַרויס אונז אַנטקעגן,
גייען אַרויס זיך מיט אונז צו באַהעפטן
נאָר די, —
וועמענס אויגן עס האָבן געזען אונזער שיין אויפן גלאַטשטיין,
וועמענס בלייכע פאַרחלומטע העלזער
גאַרן און אַרן נאָך אונזער אָן־פּגימהקן שאַרף;
נאָר זיי
גייען אַרויס אונז אַנטקעגן,
גייען אַרויס זיך מיט אונז צו באַהעפטן,
אַרויספאַלן, ווערן צעשניטן,

אזוי ווי די שטיקער צעפאַלענע הימלען,
אויף אונזער אָן־פגימהקן שאַרף, —
שאַרף !
ניצחון און שאַרף,
ליוב און נצחון און שאַרף ;
שאַרף פון חלפים,
ניצחון און שאַרף פון חלפים,
ניצחון און שאַרף און געזאַנג פון חלפים. . .

ווער בענשט אונז ?
ווער גייט אונז פאָרויס אין הייליקייט!
ווער פירט אונז צו רו צו אייביקער!
דאַנקט — לויבט,
לויבט — זינגט
אייביק. . .

לג

און אַז דער יינגערער ברודער
איז געקומען צולויפן צוריק צום פאַרבאָרגענעם וועלדל,
האָט ער געטראָפן די עלטערע ברידער און זייערע ווייבער און קינדער
ליגנדיק מיט איבערגעשניטענע העלדזער, —
און ער האָט נישט געהאַט פאַר וועמען צו דערציילן
די וואונדער וואָס זיינע אויגן האָבן געזען
און וואָס זיינע אויערן האָבן געהערט
אויפן בערגל. . .

פון דעם זעלבן מחבר:

ל י ד ע ר — ערשטער באַנד

ד ע ר ג ו ל ם — דראַמאַטישע פּאָעמע

א ו י ף ס י ב י ר ע ר װ ע ג ן (לידער)

